ריסטריקט אמאָרני (צום עקספערט.) איהר זאָגט א, דיא „מעשה תלוי" איז געדרוקט געוואָרען אַלס פּראָטעסט געגען דיא מיסס־אָנערען גע֗עלכע וואָרפען־אָן דעם .N. T אין אידישע הייזער, איז דען דער .N. T אזוי שעדליך?

עקספּ. אידען קענען ניט סימפּאטיזירען מיט דעם .N. T

מיסס. ווייל זייא זיינען בעוואוסטע עקשנים.

עקספּ. דאס איז ניט וואהר! דיא באייבל, אויך דער .N. T קאָנען אלעמען איבערצייגען אז אידען זיינען שטענדיג בערייט אנצונעמען גוטעס אפילו פון פרעמדע נאציאָנען. איז דען „יתרו" ניט געוועהן א פרעמדער פריסטער? און דאָך האָט דער געניעלער משה אנגענומען זיין עצה. איז דען „בלעם" ניט געווען א יודענפיינד? און דאָך קלינגט זיין פּאָעזי אין דער אידישער תורה, און זיי פארהילכען נאָך עד היום אלע אידישע טעמפּלען מיט'ן „מה טבו אהליך יעקב".

רזשאָרוש ה. ניבט דאס דען אייך ניט אין .N. T גוטעס?

עקספּ. אלע גוטעס אין .N. T איז דאָך פארן אידען ניט קיין נייעס זיי זיינען דאָך גענומען פון אונזער באייבל, אָבער אלע נייעס אין .N. T איז זייער שלעכטעס. זיי שמעקען מיט היידענטהום.

פּאָרזיצענדער. צום ביישפּיעל.

עקספּ. דער איד וועלכער איז ערצויגען אויף דעם הויכען מוראל פון „תורת משה" שוידערט ווען ער טרעט נור אריין אין .N. T. ער דערזעהט פאר זיך ניט קיין גאָט, נור דעם „שטן" משחיתים, מזיקים, ניט־גוטע, מכשפים, שדים לצים, רוחות, און נור זייא שרייען דאס אין איין קול אז יעזוס איז גאָטס זון. אלזאָ מח דאָך יעדער קריסט גלויבען אין שטן און אין דיא שדים. תורת משה זאגט אבער „כי לא נחש ביעקב ולא קסם בישראל".

Surely there is no enchantment against Jacob, neither is there any divination against Israel. (Numbers XXIII 23).

אויך האָט תורת משה גיוואָרענט ניט אנצונעמען א תורה וועלכע איז געגרינ־דעט אויף שדים:

יזבחו לשדים לא אלה, אלחים לא ידעום, חדשים מקרוב באו, לא שערום אבתיכם.

They sacrificed unto devils not to God; to Gods whom they knew not, to New Gods that came newly up, whom your fathers feared not. (Deuteronomy XXXII 17)

נעמט ארויס דאָס ביסיל אידישקייט מיט וואָס מען האָט דעם .N. T כלאָמערשט בעזאלצען, בלייבט דער .N. T ביי דעם אלטען היידענטהום מיט דיא שוידערהאפטע רעטען.

דזשאָרזש ה. איך אמוריינסטען האָב דאָרט קיין שלעכטעס ניט געפונען, פיללייכט ווייסט איהר בעסער אונד וועט אונז איבערציינגען.

עקספ. זאָט איז אייך נור א ביישפיעל. תורת מושה איז געגרינדעט אויפ׳ן הייליגען פרינציפ פון מענשענליעבע. אלזאָ איז אין דיא 8 ווערטער „ואהבת לרעך כמך" איינגעוויקעלט דיא גאנצע תורה.

Thou shalt love thy neighbour as thyself: (Leviticus XIX 18.)

מיסס. „רעך" מיינט ניט תורת משה מען זאָלל ליעבען דאס „מענשהייט" נור דעם „אידען". „רעך" בעדייטעט נור א איד.

עקספ. וויא אזוי וועט איהר ערקלערען דעם פסוק וישאלו איש מאת „רעהו" (שמות י״א 2) דאָרט רעט מען דאָך וועגען א מצרי און דאָך רופט מען איהם "רעהו".

מיסס. דאָס וואר נאָך ביפאָר מתן תורה.

עקס. תורת משה האָט ווארשיינליך דאָס אייך נעדארפט בעוואָרענען. אלזאָ וויא וועט איהר פארשטיין דעם פסוק. כאזרח מכם יהיה לכם הגר הגר אתכם „ואהבת לו כמך"? דאָס רעדט דאָך תורת משה בוכשטעבליך וועגען א פרעמדען און דאָך הייסט מען איהם ליבען וויא זיך זעלבסט, איז דאָס ניט דער הויכער פרינציפ פון מענשען ליעבע ?

But the stranger that dwelleth with you shall be unto you as one born among you, and thou shalt love him as thyself : (Leviticus XIX 34.)

דער מיס. איז נעבליבן שטום און אין זאָהל האָט זיך געהערט אויסגעשרייען פון ענטציקונג איבערן הויכען מוראל פון תורת משה.

דזשאָרזש. איז דען אין .N. T ניט דאס זעלבע ?

עקספ. דער N. T: שרייבט אז א קריסט טאָהר ניט אריין לאָזען צו זיך אין ויז „ניט קיין קריסט", אויך טאהר ער זיך מיט איהם זאָגאר ניט בעגריסען.

דזשאָרזש. קען דאָס זיין וואהר ?

עקספ. ביטטע צו לעזען

If there come any unto you and bring not this doctrine, receive him not into your house, neither bid him God speed:

For he that biddeth him God speed is partaker of his evel deeds. (the second epistle of John I 19. 11.)

אים אין טעררעבל ! עס איז שוידערהאפט ! האָט אויסגעשריען דער דזשאָרזש עטקשטייסענדיג דעם .N. T אויפ׳ן דעסק און האָט פארקוועטשט מיט דיא פליר־זכם אין זאָאל האָט זיך אויך געהערט א פראָטעסט נעגען דער אונמענשליכער

ציטאטע פון N.T. און דער עקספ. האט ווייטער אנגעהויבען נעבען ציטאטען.

עקספ. תורת משה האט פערבאטען אנצונעהמען שטוציגע געלד. אלזא האט ער אנגעזאגט „לא תביא אתנן זונה, ומחיר כלב בית ד׳ אלהיך לכל נדר. כי תועבת ד׳ אלהיך גם שניהם“ (דברים 28 י״ח).

דער N. T. זאגט אז די קירכע נעמט־אן אללע געלטען. געלד פון גנבה, געלד פון גזלה פון גיאף פון שפיכת דמים און פון רציחה, מיט איין ווארט אללע געלדער וועלכע שטאממען נור פון דער קוועלע דאס שמוץ, און פאר דיעזע געלדער טיילט דאס די קירכע די בעסטע חלקים לעולם הבא.

פארזיצ. קען דאס זיין וואהר ?

עקספ. ביטטע לעזען די ציטאטע

(Luke XVI 9.) And I say unto you, Make to yourselves friends of the Mammon of unrighteousness; that when ye fail, they may receive you into everlasting habitations.

א ווילדער פראטעסט נעגען N. T. האט אויסגעשאסען פון דער מאססע פובליקום.

מיס. (מיט א כוון אום צו פערשאבען דעם געפילדער) איהר האט דאך געזאגט אז זאגאר פון N. T. איז צו זעהן אז אידען געמען־אן גוטעס אויף פון פרעמדע גלויבענדע, קענט איהר דאס איבערצייגען ?

עקספ. (מיט א איראניע) אידען גלויבען זאגאר אין יעזוסעס ווערטער מערער וויא אללע קריסטען.

מיס. דאס איז ניט וואהר.

עקספ. צום מיס. אין Mattew גלויבט איהר ?

מיס. איז וואס ?

עקספ. ווען איז געקרייצט געווארען יעזוס ?

מיס. פרייטאג.

עקס. ווען שרייבט דער N. T. אז מען האט אים שוין ניט געפונען אין קבר ?

מיס. זאנטאג מיט׳ן טאג גלייך.

עקספ. אלזא איז ער נור 2 נעכט געלעגען אין קבר ?

מיס. יא.

עקספ. יעצט לעזט (Matthew IX 40) אז יעזוס האט אליין געזאגט אז ווען ער וועט ניט אויסליגען אין קבר 3 טעג און 3 נעכט נאך זיין טויט, וועט דאס זיין

א בעווייזע אז ער נים נעווען דער משיח אונד אין דיזע יעזוסעס ווערטער גלויבען דיא אידען מעהרער וויא דיא קריסטען.

דיא משומדים מים דיא גלחים זיינען געבליעבען וויא אפגעבריטע. זיי האבען זיך גענוממען צו זייערע .N.T. מר. איננערסאהל מים דיא מעמבערס פון דער Truth Seekers Society זיינען געבליבען העכסט צופריעדען. דיא רוסישעס מיס'ן דיסט. אמארני האבען זיך עפעס איבערגעשושקעט און אנטאני קאמסטאק'ס אוינגן האבען געבליצט פון כעס, און דער עקספ. האט ווייטער אנגעהויבען איבערציינגן.

עקספ. איך האב געבראכט דיא דריי קאפיטעל פון „מעשה תלוי" איבערזעצט אין ענגליש נאכ'ן וואונש פון פארזיצענדען, בימטע צו מאכען אויפמערקזאם אויף דיא צוויי וויכטיגע בעווייזע: 1. אז דיא „מעשה תלוי" איז פריהער געשריבען פאר'ן N. T. ווייל דער N. T. בענוצט זיך פארענטפערן געגען דער מעשה תלוי. און 2. אז דיא „מעשה תלוי" איז א וואהרע היסטארישעס ווערקע.

פארזיצ. בימטע צו עקספליינען.

עקספ. דיא „מעשה תלוי" (דף 28) דערצעהלט אונז אז יהודה האט אין גער היים איבערגעטראגען „ישו"ס קערפער פון איין קבר אין דען 2טען.

אויף דיזעס ענטפערט דער .N.T (Matthew XXVIII 11,12,13,14,15) „אז ווען
„יעזוס'ס קערפער איז זאנטאג נאך דער צווייטער נאכט נים אפגעזוכט געווארען אין
„זיין קבר, האבען דיא אידען בעצאלט גוטע געלד דיא וועכטער (וועלכע האבען געהיט
„דעם קבר) אז זיי (דיא וועכטער) זאלען זאגען פאר דער וועלט אז יעזוס'ס תלמידים
„האבען דאס איהם ארויסגענגבט ווען זיי (דיא וועכטער) זיינען געשלאפען, און דיא
„וועכטער האבען אזוי פאר אלטען דערצעהלט און דעריבער גלויבען דאס אין דיזען
„דיא אידען „עד היום".

דא זעהט מען בוכשטעבליך אז דער .N. T האט געפונען פאר נייטיג פער־ענטפערן זיך געגען דער „מעשה תלוי" וועלכעס האט ארויסגעזאגט דעם אמת, ווייל נור דיא אידען זיינען דאך טאקי געווען פעראינטערעסירט אז יעזוס'ס קערפער זאלל נים ארויסלינען דיא דריטע נאכט און דעראיבער האט דאס איהם יהודה גנגבת.

דיא קריסטען האבען דאך אבער נים געהאט קיין רעכנונג צו גנבנן דעם קער־פער פאר־דער־צייט; אויך ווען אידען וואלטען געמיינט אז יעזוס לעבט, וואצו זאלען זיי געלד געבען פאר א לינען זאגען? יעזוס קען דאך קומען און אפלייקענען; און ווען דיא וועכטער זיינען געשלאפען, וויא אזוי האבען זיי געקענט וויסען ווער עס האט גנגבת? ...

מיס. דאס איז נמרה פילפל.

דזשאָרדזש. איך ווייס ניט קיין תלמוד און דאָך פערשטיי איך דאָס.

עקספּ. (צום מיס.) איך וויל מעהר ניט ריידען מיט אפּאַלשען פערשטעה־
ער פאָן קריסטענטהום.

מיס. איך פּראָטעסטיר.

מען האָט פערשריבען זיין פּראָטעסט.

פאָרזיצ. צום עקספּ. קענט איהר דעם מיס. ?

עקספּ. איך קען איהם ניט.

פאָרזיצ. היינט וויא קענט איהר איהם אנרופען „פאַלשער קריסט" ?

עקספּ. צום מיס. ווען איהר האָט זיך נשמרת האָט איהר שוין פערזוכט
אידישקייט ?

מיס. (בעליידיגט) איך בין געווען אַ פרומער איד אבער....

עקספּ. אין „לוקסן" גלויבט איהר ?

מיס. יאָ איז וואָס ?

עקספּ. לייענט לוקס'ת ווערטער אז יעזוס אליין האָט געזאָגט: אז אַ איד קאָן
ניט, און וועט קיינמאָל ניט זיין קיין קריסט, ווייל, דער יעניגער וועלכער, האָט שוין
אַ מאָהל פערזוכט אלטען וויין (דיא אלטע תורה) וועט שוין קיינמאָהל מערער ניט
וועלען טרינקען נייעם (דעם N. T.) (Luke V. 39.) און אז יעזוס איז געווען אַ מבין
אויף וויין [illegible]ז גענוג צו זאָגען אז ער וואר שוין דאמאלס בעוואוסט אלס זולל וסבא.
(Luke VII 34.)

No man also having drunk old wine streightway desireth new; for he saith; the old is better. (Luke V. 39.)

דיא בעווייזע איז זייער געפעלען געוואָרען דעם פאָרזיצענדען און דער פּראָטעסט
איז פערשאָבען געוואָרען.

דזשאָרדזש. קאָנט איהר אונז ציינען דעם הייךענטהום אין .N. T ?

עקספּ. דער אנפאנג פון דער גרויסער קאָמעדיע אין .N. T איז טענץ פון
שטן מיט שדים, און דיא ענדע פון דער טראַגעדיע איז מענשענפלייש.

תורת משה האָט געקעמפּפט געגען מענשענאָפּפער, דאס קאָן אלעמען איבער־
ציינען דיא געשיכטע פון „עקידת יצחק" אז גאָט וויל ניט קיין מענשען פלייש, קומט
דער .N. T און פיהרט ווייטער איין מענשענאָפּפער, און אלס סימפּעל שטעלט ער
דאס פאָהר גאָט אליין וועלכער פרעסט אויף זיין איינענעם זאָהן.

נעמט דיא סטאַטיסטיק און עראינגערט זיך וויא פיעל אונגליקליכע קינדער

ווערען געקרוינט אלס אפפער יעדעס יאהר צו גאט, דורך דיא משתגנע פאנאטישע קריסטען ?

דיסט. אמאר. ווער רעדט פון משוגעים ?

עקספ. ווארום גיבט דאס אבער ניט אפילו איין איד פון דיא משוגעים ? דאס איבערציינט אז דא ארבייט דער חיידישער איינפלוס פון דעם .N. T.

קאמפ. אבער דיא בוך מעשה תלוי בלייבט דאך אלץ א אונמאראלישעס.

עקספ. ווארום ארעמירט איהר ניט, דיא טויזענדע ביכער, פון דיא דאמאני־קאנער, און פראנציסקאנער, וועלכע פיהרען א דיסקוסיאן וועגען גאטס מוטער, צו איז זיא געליבען א בתולה נאך׳ן ערשטען קימפעט.. צו ניין.. פוי שאנדע !

פארזיץ. גיבט דאס אויך אין דער באייבל זאלכע ערציילונגען וויא אין „מעשה תלוי״ ?

עקספ. אהבת „עמנן ותמר״ (II. Samuel XII. 14, 15, 16)

קאמפ. איך וויל פון קיינעם ניט וויסען ; דיא מעשה תלוי איז דאך אונמא־ראליש. נעמט און לעזט דיא געהיימע נאכט !

עקספ. איז דען דיא געהיימע נאכט פון .N. T. ניט אונמאראלישער פון דער מעשה תלוי ?

מיס. וואו איז אין .N. T. א געהיימע נאכט ?

עקספ. לעזט און איבערציינט זיך :

„אין 6 מאנהיים ארום ווען אלישבע איז מעוברת געווארען דורך גבריאלן, איז „ער אוועק צו דער פערלאבטער יונגפרוי „מרים״, און האט זיך אריין געריסען צו איהר אין „שלאף צימער. דיא יונגפרוי איז אויפגעשפרונגען פון אזא הוצפה, נור גבריאל האט „ניט פערלארען קיין מוטה, און האט איהר אנגעהויבען מאכען קאמפלימענטען, און „צוזאגען גאנצע גליקען וועגען א זאהן. דאן פרעגט זיא ביי איהם בעוואונדערט, וויא „קאן דאס זיין, ווען איך וויס דאך נאך גאהר ניט וואס א מאנסביילל בעדייטעט?..

דאן נארט איהר אפ גבריאל מיט א ליגען, אז דער זאהן וועט זיין א מלך ביי אידען, און עס ווערט רעכט ! .... (Luke I. 26 to 35.)

נור א היידישער גאט, קאן בעגיין אזא א פערברעך ,צו פערהאנגליקליכען מיט איין מאהל צוויא ליעבענדע און גליקליכע נפשות וויא יוסף מיט מרים׳ן וואהרען.

דער .N. T. וועלבסט שרייבט : (Matthews I. 19.) אז יוסף וואר זא פער־צווייפעלט, פון לאיימישע רייד, אז ער האט מרים׳ן געוואלט הערויסטרייבען...

איז דאס ניט א געהיימע נאכט ? און וואו איז דא דער מאראל?

פארזיץ. האט דער תלמוד געוואוסט פון דיא פערזאן „ישוע הנצרי ?“

עקספ. וויא אזוי האט דער תלמוד געקענט וויסען דיא פערזאן, וועלכעס דער .N. T וועלכעס קען זיא ניט. דער תלמוד שרייבט, ווענען דעם שפעטינען קריס־טענטהום.

פארזיץ. (פערוואונדערט). דער .N. T זאל ניט קענען יעזוס׳ן ?

עקספ. עס גיבט אין דער וועלטגעשיכטע פיעל אזעלכע פעלע. מען ווייזט שווארץ אויף וויים, אז ניט שעקספיר האט געשריעבען דיא בעוואוסטע געניעלע ווערקע. ניט „האממער“ האט געשריעבען זיינע פאעזי־ווערקע. זאגאר דער ביבלישער פילאזאף איוב האט נימאלס עקזיסטירט....

אין זאאל איז געוואָרען א גערודער.

פארזיץ. האט איהר בעווייזע ?

עקספ. דיא וועלטגעשיכטע דער איינציגער עדות פון גרויסע פערזאָנען, האט אבסאָלוט ניט אין וואָרט דערמאָנט וועגען א „ישוע הנצרי.“ דיא פריווילעגיע אין דיעזען האט זיך גענומען נור דער .N. T. היינט לאָמיר זעהען וואס האט אונז דער .N. T. בעוויזען. עס איז גענוג א קוק צו טהאן אין דער טהעאלאָגישער איג־צעקלאָפעדיע *) אום צו מאכען זיך א בעגריעף פון דעם גרויסען חאָאס, פון דיא ערצעהלונגען פון פיעלע צעהנדלינע יעוואנגעליסטען, וועלכע זיינען פערוואָרפען גע־וואָרען פון דער קירכע זעלבסט, ווייל דיא ערצעהלונגען וואהרען שוין זעהר צופיעל פאלש און ווידערשפרעכען.

ווידערשפרעכען זיך דען ניט דיא 4 איבערגעבליעבענע יעוואנגעליסטען „מתי“ „לוקס“, „מרקוס“ און „יוחנן“ ? אָה, אויף יעדער שריט און טריט ! נאט אייך אביישפיעל (יוחנן .XI. 29) שרייבט, אז דיא אידען (?) האבען אבסאָליוט ניט גע־קענט יעזוס׳ן.

„מתי“ (.XVI. 14) שרייבט אויך אז דיא אידען האבען ניט געוואוסט ווער יה״ץ (ישוע הנצרי) איז. איינינע האבען געזאגט אז ער איז „אליהו“, אנדערע; אז ער איז „ירמיה“ .8, אָדער עפעס גלאט א נביא. „מתי“ ניט יה״צן געמען „עמנואל“ „ישוע“ (מתי א׳ 23. 25) אויך „נצרי“ (מתי ב׳ 23) און ער שטאממט איהם אָפ פון שלמה המלך (מתי א׳ 7) קומט „לוקס“ (ג׳ 32) און זאָגט אז מתי איז א ליגנער אז יה״ץ האט נור 2 נעמען און אז ער שטאממט פון נתן בן דוד. קוממט (מרקוס

*) M'Clintock and Strong's Cyclopædia, Vol. 3. Article Gospels Spurious.

14 .VII) און דערצעהלט א נעהיים... אז נאך א טיכטיגע אונטערזוכונג פון קעניג הורדוס, איז בעוויזען געוואָרען אז יה"ץ איז ניט געווען „ישוע הנצרי" זאָנ־דערן „יוחנן". און אין דיעזען איז אויך איינשטימיג מתי .XVI. 14 היינט נעה און וויס ווער ישוע הנצרי וואר?

דער יעוואנגעליסט יוחנן האט פערשטאנען אז פון דיעזען האָס קען ארויס־קומען א סקאנדאל, אלזאָ האט ער בעגאננען א טריק. ער שרייבט אז מען דארף טאקי ניט וויסען ווער יה"ץ איז. (יוחנן ד' 27). ווייל דיא אידען גלויבען אז משיח'ן דארף קיינער ניט וויסען ווער ער איז.

איין וויכטיגער אָפיציעללער בעריכט וועגען דיא פערזענליכקייט פון ישוע הנצרי איז יא דאָ אין .N. T דאס איז דער בעריכט פון דעם אונפארטייאישען רוי־מישען היידישען גאָווערנאָר איבער יהודה: פיסטוס", וועלכער דערצעהלט „אז דער „גאנצער קאמפף צווישען דיא אידען מיט „פאולן" וואר וועגען עפעס א „געשטאָרבענעם „ישוע" וועלכען פאולס בעשטע־„טיגט אז ער לעבט".

דאָ זעהט מען אז דיא פערזאָן פון „ישוע" איז געווען אזויא אונבעדייטענד, ·גאר דער גאָווערנער זעלבסט האט אויך וועגען איהם ניט געוואוסט — אָבער יעדערער קען זיך איבערצייגען אז דיא פערזאָן איז זעהר ווייט פון צו זיין א „משיח" „א געקרייצטער" „גאָטס א זאָהן" „נצרי" א. ז. וו.

Of one Jesus which was dead whom Paul affirmed to be alive. (Act. XXV. 19.)

דאס זיינען דיא ווערטער וועלכער דער .N. T זעלבסט זאָגט אז אזויא האָט געזאָגט דער גאָווערנאָר „פיסטוס" אין געגענווארט פון דעם קעניג „אגריפס" מיט זיין שוועסטער „ברניקה". דאָ גיבט קיין קאָמענטאריע.

אין זאָל איז געוואָרען א איבערקעהרעניס, דיא נייסטליכע זיינען געזעסען מיט זייערע .N. T און האבען געזוכט דיא ציטאטען.

פאָרזיץ. צו א טיסיאָנער. ווען איז געשריעבען געוואָרן דער .N. T

מיס. ביים לעבען פון פאולוס'ן.

עקספ. דאס איז זאָגאר לעבערליך צו גלויבען.

פאָרזיץ. ווארום?

עקספ. דער יעוואנגעליסט יוחנן שרייבט אז דאס וואס יעזוס האט געזאָגט פעטרוס'ן דיא ווערטער „אז מען וועט דיר אוועק פיהרען אהין וואו דוא וועסט ניט וועלען" האט איהם דאס יעזוס מ ר מ ז געווען (פעטרוס'ן) אויף פעטרוסעס טויט.

די קירכע זאָגט אז פעטרוס מיט פאולוס׳ן זיינען אין איין טאָג גע׳הרג׳עט געוואָרען
רודף נירון קסר היינט ווען האט דער יעוואנגעליסט יוחנן געשריעבען וועגען דעם
ר מ ז איבער פעטרוסעס טויט געוועהנליך נים פאר פעטרוסעס לעבען, און פאול
איז דאָך געשטאָרבען מיט פעטרוס׳ן צוזאממען.

פאָרזיצ. צום מיס. וואס וועט איהר זאָגען.

דער מיס. האט נים געהאט וואס צו ענטפערען.

פאָרזיצ. אין יוספ׳ן גיבט דאָך יא א ערצעהלונג וועגען ישוע הנצרי.

עקספ. דאס איז שוין לאנג בעוויעזען פון אללע פילאָזאָפען דער וועלט אז
די ציטאַטע איז זעהר נאַריש אריינגעשמוגעלט דורך דער קריסטליכער קירכע.

דיסטריקט אטאָרני. איהר האט געזאגט, אז די „מעשי תלוי" רעדט נים
וועגען ישוע הנצרי, וויא אזוי קומט דאס דאָרטען „פעטרוס?" און קריסטען?

עקספ. פעטרוס ווערט דערמאנט אין צווייטען חלק, וועלכער איז בעוואוסט
מיט׳ן נאָמען (*Petrus Legende.

פאָרזיצ. וויא לעכערליך און קינדיש קומט דאָרט פאָר, אז פטרוס שפיעלט
דאָרט א ראָליע פון א פערשטעלטען קריסט צו גונסטען דעם יודענטהום און מאכט
פיוטים?

עקספ. זאגט דען דער .N. T זעלבסט נים דאס זעלבע אויף פעטרוס׳ן?

מיסס. אויף פעטרוס׳ן?

עקספ. דער .N. T דערצעהלט, אז פעטרוס האט געשוואָרען פאלש
Matthew XXVI. 74 אין געטרייהייט צו יעזוס׳ן.

דער .N. T זעלבסט דערצעהלט, אז אין דער צייט ווען פעטרוס האט געגע־
סען טרפה ביי גוים, זיינען אָנגעקומען אידען האט ער באלד די טרפה אוועקגע־
וואָרפען (הגלטיים ב״ .11 .12 .14) איז דאָס נים פערמאסקירט? דאס דערצעהלט
דאָך פאלוס, אז ער האט איהם, פעטרוס׳ן געפּאקט ביי דער האנד.

But when Peter was come to Antioch I withstood him to the face because he was to be blamed. For before that certain came from James he did eat with the Gentiles: but when they were come he withdrew and separated himself fearing them which were of the circumcision but when I saw that they walked not uprightly according to the truth of the gospel I said unto Peter before them all "if thou being a Jew livest

---

*) „היא אגרתא דשמעון כיפא" הנמצאת בבית המדרש של הרב הר"ר הח"כ מהו"ר
אהרן יעלניק הנדפס בוויען שנת תרל"ג.

after the manner of Gentiles and not as do the Jews why compellest thou the Gentiles to live as do the Jews?

פארזיץ. און נאך אייער מיינונג נאך ווער וואהר ישוע הנצרי?

עקספ. דער N. T. איז געגרינדעט אויף דיא פאנטאזי פון דעם אלטען הוידענטהום, און אויף דיא צוזבראכענע מיטהאלאגי פון דעם אלימפ. מען האט נעדארפט אריינמישען אויך דעם יודענטהום, אבער אין אזא פארמע, אז עס זאל נארמאנירען מיט דיא פריהערדיגע אידעעס, אלזא איז מעגליך, אז מען האט בענוצט אויך דעם תלמודיש'ן פאלשען משיח „ישו" *) אזא פאקט גיבט דאס שוין אין דער היסטאריע. פיגורירט דען נים עד היום דער פאלשער „שבתי צבי" אלס משיח בייא א געוויסע סעקטע?

מען דארף נים פערגעסען, אז ווען מען האט פערפאסט דעם N. T. האבען שון אידען לאנג פערלארען זייער לאנד און יעדערער האט געקענט שרייבען אויף זייער רעכענונג אונגעשטערט.

דאך איז א גרויסער אונטערשייד פון „ישו" דעם תלמודישען ביז „ישוע הנצרי" פון N. T.

„ישו" דער תלמודישער איז געווען א גרויסער תלמודיסט (סנהדרין ק"ז עב) א זוהן פון רייכע עלטערן, געבוירען אין ירושלים, אין דיא צייטען פון ינאי המלך, (סנהדרין ק"ז ע"ב) היגנעריכטעט דורך תליה וסקילה, אויף דעם 40טען טאג נאך זיין ארעסט, דורך דיא סנהדרין, אלס פערברעכער געגען גלויבען, (סנהדרין מ"גע"א) און אלס בענוצער (ווי די אידען האבען גערעכענט) דעם שם המפרש „מעשי תלוי."

*) זא זעהען מיר אויך אין דער פערזאן פון „מרים המגדלית" פון N. T. וועלכע ישוע הנצרי האט געליעבט און וועלכע זיא וואר דיא „בעלת־אכסניה" Matthew XX. 1. Luke XIX. 29. John XII. 1. פון ביה־פגי און בית־היני („בית פגי ובית היני מקום בתי מלון לעולי רגלים"; דברי ימי ישראל לה"ח גרעץ חלק שני פרק חמשי) דיא זעלבע „בעלת־אכסניה" וועלכע זיא ווערט דערמאהנט אויך אין סנהדרין ק"ז נור אהן א נאמען דארט ווערט דערצעהלט אז ווען „ישו" האט געזאגט צו זיין רבי ר' יהושע בן פרחיה „רבי עיניה טרוטוס". „רבי וואס פאר א פראכטפאללע אויגען דיא ווירטהין האט"! האט צו איהם ר' ישוע בן פרחיה געזאגט „רשע בזה אתה עסק? טויגעניכטס, אט מיט דיעזעס בעשעפטיגסט דוא דיך? און האט איהם באלד דורך געטריעבען.

זא זעהען מיר אויך אין דעם N. T. דיא פערזאן פון יהשוע בן פרחיה אין „יהודה'ן", וועלכער ווען אט דיא זעלבע מרים האט געשפענדעט אויף יעזוס'ן 800 גולדען אויף פערפיומען האט ער אויך אויסגעשריען בעטרוג! דיא 800 גולדען האט מען דאך בעסער געדארפט צוטהיילען אויף ארעמע. און האט זיך פון יעזוס'ן ענג [illegible]

„ישוע הנצרי“ פון .N. T געבוירען אין בית לחם אין דיא צייטען פון הורדוס דעם ערשטען, זיינע וואהרער דורך שדים .John X. 20 א עם דארין John VII. 15 איננעריכטעט אויפ'ן צווייטען טאג נאכ'ן ארעסט דורך דיא רומאים אויפ'ן קריי, אלס פאליטישער פערברעכער (.Luke XXIII. 2. 38)

מרים פון „מעשי תלוי“ איז געבארען אין ירושלים, פון מלכות בית דוד.

מרים פון .N. T אין גליל, אין שטאדט נצרת.

יוסף איהר מאן (פון „מעשי תלוי“) פון א ניעדריגע פאמיליע, פון ירושלים.

יוסף פון .N. T פון שטאט נצרת, פון מלכות בית דוד.

יוחנן פון „מעשי תלוי“ איז איינע יאהרען מיט יוסף'ן פון דוד המלך'ס דינאסטי, האט פון חרפה געענדיגט זיינע יאהרען אין בבל.

יוחנן פון .N. T איז איין עלטער מיט „ישוע הנצרי“ א כהן. געקעפפט דורך הורדס דעם צווייטען. .Mark VI. 28

דיסטריקט אטארני. גיבט דאס אין דער וועלט נאך הערויסגאבעס פון „מעשי תלוי?“

עקספ. אט נאט אייך א קאטאלאג.

1. אין דייטשלאנד אין ליוטערס צייטען, העברעאיש, איבערזעצט אין דייטש.
2. אין ליידען (האללאנד) העברעאיש, לייטין, 1760 יאהר.
3. ירושלים, העברעאיש, אין יאהר 1619.
4. אמסטערדאם, העברעאיש — —
5. לאנדאן, ווארשאו — 1874.
6. ניו־יארק, ענגליש לייטין, 1888.
7. און דיא איבריגע ארגעטירטע ווערקע.

8. קאטפסטאק (נעהמט דעם עקספערט צום קרייז פערהער) ווען האט איהר דאס ערשטע מאהל געלעזען דעם „מעשי תלוי“.

עקספ. צו ניין.... צעהן יאהר.

(אלע ריכטערס צהאמען מיט'ן דיסטריקט אטארני און מיט א. קאטפסטאק אין איין קול) ווען? צום נייצעהנטען יאהר?

עקספ. ניין! איהר האט מיך פארהערט ווען איך וואר ניין.... אדער צעהן יאהר אלט (וויא דער לעזער געדענקט האב איך ערקלעהרט פריהער אז איך האב דיא מעשי תלוי געלעזען אין צעהן יעהריגען עלטער.)

קאטפסטאק האט נאר נים אויסגעפיהרט.

א. פ. דיא מעשי תלוי ציינט דאך דעם יאהר פון 1896, דאס איז דאך דער יאהר פון יעזוסעס געבורט.

עקספ. דיא עקספערטיזום איז נים פעראנטוואָרטליך פאר א פעלשונג פון א פּאָבלישער. און צוליעב דיעזעס האבען אללע רעליגיעזע ביכער עדות מען זאָלל ארויסזעהען דיא פעלשתג. דיא עדות פון דער „מעשי תלוי" זיינען דער בעוואוסטער יהושע בן פרחיה. ר' שמעון בן שטח ינאי מלך און זיין פרויא הילנא.

מיס. איז דען ינאי המלך'ס פרויא געוועזען הילנאי?

עקספ. ווייל דיא האט פערביטען איהר אידישען נאמען „שלמות", אויפ'ן הער לעניסטישען נאָמען „אלכסנדרה" איז זיא געוואָרען בעוואוסט מיט'ן נאמען „הילנאי" (ד. ה. העלעניסטין).

קאָמפּ. איך געפין, אז דיא אויסדריקע ועגען דאָס געהיימע נאכט אין מעשי תלוי זיינען זייער אונמאָראַליש.

ל. ר. אלע רעליגיעזע ביכער זיינען בעפרייט פון דיעזע פאָרערונגען, איך רעד בען, אז מר. קאָמפּסטאַק זעלבסט, וויים דאס אויך, דער פּראָצעס איז אבער נור געמאכט געוואָרען מיט אבזיכט צו מאכען שפּאס איבערן יודענטהום. מר. קאָמפּ. בעמערקט אבער נים, וויא ער בלאמירט מיט דיעזען דעם קריסטענטהום.

קאָמפּ. מיט וואָס?

ל. ר. א שאנדע, אז דער קריסטענטהום זאל זיך פירכטען פאר אזא ביכעל וויא דיא „מעשי תלוי" איז. ווארום פירכטען זיך נים אידען פאר דיא גראָבע ביכער וועלכע קריסטען דרוקען געגען יודענטהום טאָג טעגליך, דאס איבערציינט אל'עמען, אז דער קריסטענטהום שטעהט אויף זעהר שוואכע און שלעכטע פּרינציפּען.

מיסס. ליעבען דעם צווייטען איז א שוואכער פּרינציפּ?

עקספּ. דער N. T. מאכט אָבער פּיי דיעזעס אויך א בעמערקונג.

מיסס. וואס פאר א בעמערקונג?

עקספּ. ווען מען קען ביין צווייטען סאָקען (Luke X. 37.) דער N. T. האט אפילו פערניכטעט דאס שעהנסטע און ארעלסטע געפיהלען פון תורת משה, דאס געפיהל פון „צער בעלי החיים."

מיסס. דאס איז נים וואהר.

עקספּ. דיא קירכע האט אפילו בייא דעם אונגליקליכען אָקס ארויסגעריסען דעם ביססען פון מויל. דער הייליגער פאול קען זיך זאָגאר נים מאכען קיין בעגריף פון דעם הויכען אידעאל וועגען צער בעלי החיים און זאָגט: און תורת משה שטייט געשריבען „דוא זאללסט נים פערשליעסען דעם מויל פון א אָקס ווען ער דרעשט"

האט טאַקי באמת גאָט רחמנות אויף דעם אָקס? ניין! ער מיינט נים דעם אָקס ער מיינט דאס נור דעם גלח וועלכער האט דאס רעכט אללעס געמעס אוועקצונעהמען ביים דרעשען.

For it is written in the law of Moses, Thou shalt not muzzle the mouth of the ox that treadeth out the corn. Doth God take care for oxen? Or saith he it altogether for our sakes? For our sakes, no doubt, this is written. 1. Corint. IX. 9. 10.

אין זאַל איז געוואָרען א גערודער, ליידיעס האבען געפּראָטעסטירט.

ל. ר. און מיסיאָנערען וואַרפען אָן מיט געוואַלד דעם N. T. צו אירען, קען א איד אָננעהמען אזעלכע פּרינציפּען וועלכעס איז געגען תורת משה׳ס פּרינציפּען, וועלכע גוטע קריסטען האבען שוין לאנג ארויסגעוואָרפען. קען יעטצט די געזעל־שאַפט עקזיסטירען צום ביישפּיעל אויף זאָלכע פּרינציפּען פון דעם N. T.

דער עקספּ. האט דערלאנגט דעם לויער ע. ר. א ליסטע פון וועלכע דער לי־ער האט געלעזען פאָלגענדע ״פרויען רעכטע נאָכ׳ן זינען פון N. T.:

---

# פרויען רעכט.

פאר דיעזעס וואס די פרוי האט אָפּגעריסען די פּרוכט פון בילדונג, און האט דאס געגעבען איהר מאַן, (עץ הדעת) נעהמט אָפּ ביי איהר דער N. T. דאס רעכט אנגערופען ווערן א ״מענש,״ זי טאָר נים שטאָלצירען, און זי האט אבסאָ־ליוט נים קיין רעכט צו זיין א לעהרערין (הראשונה אל טימותיות ב״ 12. 13. 14) זי דאַרף זיין שטום! פון א פרוי דאַרף מען ווייכען ד״ אמות (הראשונה אל הקורנתיים ז״ 1.)

א פרוי שטעהט נידעריגער פון אלע ברואים, דען אלע בעשעפענים זיינען בעשאפען געוואָרען פאַרלעך. און א פרוי איז אליין נאָר קיין מענש, ווארום זי איז פון מאַנס ריפּ. אלזאָ איז זי נור בעשאפען צוליעב איהר מאַנס אינסטינקט.... די קאָפּ איז אפילו נים איהרע, נור דעם מאַנס, אלזאָ ווען זי איז אין א פערזאַמ־לונג און פערדעקט נים איהר קאָפּ, זאָל מען איהר באלד דעם קאָפּ אָפּגאָלען.... דען דער צודעק פון איהר קאָפּ, איז דאס דער סימבאָל: פון איהר שקלאפעריי (הראשונה אל הקורנתיים י״א 8).

א פרוי טאָר קיין סקול נים בעזוכען, זי קען זיך נור לעהרנען ביי איהר מאַן אין דער היים, אָבער זי מה ביי דיעזעס זיין אונטערדריקט, פערשקלאַפט, און [illegible] [illegible] (הראשונה אל טימותיות ב׳ 11.)

א פרוי מאַר אין קיין פערזאמלונג ניט ספּיטשען, דען דיא האבען קיין רעכט צו אַפּהאַלטען פאַרטראגעס, זייער רעכט איז נור צו זיין פערשקלאפט און אונטער־דריקט. (הראשונה אל הקורנתיים י״ד 34).

---

# טאָלעראַנט.

א אונגלויבענדען מאַהר מען ניט אריין נעהמען אין קיין סאָסייעטי. (אל התסלוניקום א. 8. 9.)

דיא קירכע זאָל אויפפּאסען אז דער איד זאָל שטעהן אין א ניעדעריגע לאגע (מתי כ׳ 16.)

א אונגלויבענדער מאַהר ניט זיין קיין ריכטער (הראשונה אל הקורתיום ו׳ 4. 5. 6.)

א משומד רעכענט זיך ניט אנדערש. סיידען ער זאָל זיין א משומד להכעיס (אל הפּולפּיים ג׳ 5. 6. 7.)

מען זאָל ניט צולאַזען אז אידען זאָלען בעהערשען ירושלים (לוקס כ״א 24.)

מען זאָל דעם אידען ניעדערטרעטען (לוקס י״ט 44.)

בייא אירגענד א ענדערונג אָדער א רעוואָלוציאָן זאָל מען דעם אידען מאכען דעם ערשטען פאר א שעיר המשתלח לעזאזל (אל הרומיים ב׳ 9.)

מען זאָל מאכען דעם אידען פּאַנראָטען (יוחנן ב׳ 15.)

א אונגלויבענדען מאַהר מען ניט אריין לאָזען אין הויז און מען מאַהר זיך מיט איהם ניט נעריסען (אגרת יוחנן השנית א׳ 10. 11.)

ווען א איד שמד׳ט זיך און האט ליעב זיינע עלטערן, איז ער ניט קיין קריסט (מתי ט״ו 5.)

ווען דער פאָטער שטארבט מאָהר ער איהם זאָגאר ניט מקבר זיין (לוקס ט׳ 59. 60.)

א משומד מוז פיינט האבען זיין פאָטער, זיין מוטטער, זיינע ברידער אונד שוועסטער, זיין פריהערדיגע ווייב און קינדער (לוקס י״ד 26.)

פאר דאס קלענסטע דיסקוסיאָן נעגען קריסטענטהום זאָלל מען אויפהענגען א שטיין אום׳ן האלז און אריינוואַרפען אין וואסער (מרקוס ט׳ 45.)

אפילו א גלויבענדער, נור ווען ער בעשטעהט ניט דיא גרוים מידה צו ליעבהאבען יעזוסען איז ער אין חרם (הראשונה אל הקורנתיים ט״ז 22)

ווער עס איז ניט יעזוסעס א נאכפאָלגער איז ער שוין מיט דיעזען יעזוסעס א שׂונא (לוקס י״א 23.)

אן יעזוסעס א שנא זאָל מען הרג׳נען (לוקס י״ט 27.)
א אָרימאַן האט נור יענע וועלט, ווען ער הונגערט (לוקס ו׳ 21.)
א רייכער האט אי דיא וועלט, אי יענע וועלט (לוקוס י״ח 14.13)
מען מוז געהן נאַקעט און באָרוועס (לוקס י״ב 22. 23.)
מען טאָר נים האבען קיין היים (שם 24)
מען טאָר נים אקערען (לוקס ט׳ 62)
מען טאָר נים זייען (שם י״ב 24)
מען זאָל נים הייראַטהען (מתי י״ט 12)
מען זאָל נים האבען קיין קינדער (מתי י״ט 12)
מען זאל נים דערלאָזען א טאָכטער חתונה האבען (הראשונה אל הקורנתיים ז׳ 2. 38.)

דיא קירכע נעהמט אָן אלע געלט׳ן אפילו געלד פון זולה (לוקס ט״ז 9)
עס ניבט נים קיין צער בעלי החיים (הראשונה אל הקורנתיים ט׳ 9. 10.)
עס ניבט נים קיין שבתים און יו׳ט פאר קנעכט און שקלאפען (לוקס ו׳ 5, (אל הרומיים ד׳ 15). (שם 14. 5). (אל הקולסים ב׳ 16.)
א שקלאַף טאָר אפילו נים דענקען וועגען פרייהייט (הראשונה אל הקורנתיים ז׳ 1. 2)

דיא גאנצע וועלט זאל בלייבען צוטהיילט אין קאסטען און קלאסען (שם ז׳ 20)
א קריסט דארף זיין א צבוע׳ק. ער זאָל זיך מאכען נאַאיוו וויא א טויב און זאל זיין חיטרע וויא אָ שלאנג (מתי י׳ 6)
נור א נארר האט דעם גן עדן (מתי ח׳ כ׳)
בילדונג מוז בטל ווערען (הראשונה אל הקורנתיים י״ג 8)
שפראַכען מוז בטל ווערן (שם).
נור דיא אינקוויזיציאָן ראַטעוועט דיא נשמות (הראשונה אל הקורנתיים ח׳ 15)
חייבליכעס און מענליכעס געשלעכט פערניכטען.... דורך סירוס.... (מתי י״ט 12.)

א זינדיגע האנד אָפּהאַקען (מתי י״ח 8.)
א זינדיגע פוס אָפּשניידען (שם.)
און א זינדיגע אויג אויסשטעכען (שם.)
דיא פּאַראַלעלען האבען איבערראשט דעם עולם אויך דיא רעשאַרושעס. וויא

---

געגען דיזעס אונמאָלעראַנט, אונמאָראַל, און אונזין זיינען געקומען פּאַראַלעלען פון דיא תורה׳ס אידעאַלען פון תנ״ך. וועלכע אלס מאנגעל אין פּלאַץ זיינען זיי אויסגעמיידען געווען.

עס איז בעוואוסט האט קאָמפּסטאָק געהאט זיין פסק סען האט אירם פון סטעיט שיעל סעשיאָן דורך געטריעבען. דיא ווערק האט מען בעפּריים.

דיא מיססיאָנערען זיינען געבליעבען אבל וחפוי ראש און אללע נאָזעסטע האַבען דאס אָנגערופען: „דער זיעג פון יודענטהום איבער קריסטענטהום", זאָגאר אין אללע גאזעטען פון יוראפּ איז באלד בעוואוסט געוואָרען פון דיעזען גרויסען אידישען זיעג, „דער זיעג פון ליכט איבער פינסטערניס"

ארויסגעהענדיג פון ספּעשיעל סעשיאָן האבען אידען און קריסטען אויך ליידי'ס נעדריקט דיא הענד דעם לויער עליאס ראָזענטהאל, אויך דעם עקספּערט סאלאָמאָן ראָזענטהאל.

פון יוראָפּ און פון דיא יונאייטעד סטייטס קוממען אָן טאָג טעגליך בריעף מיט גראטולאציאָנען און דאנקען.

מיר אידען קענען זאָגען ביי אוועקנאנג דאס אלטעס יאָהר דיא פרעהליכע ווערטער: „כי פקד ד' את עמו!" יונייטעד סטייטס האבען געזיעגט! אידען האבען ביי דעם פּראָצעס געזיעגט, אויך פערהאָפען מיר, אז אונזער אתשולדיגער און אָרדענטליכער ברודער דרייפוס, וועט אויך ביי זיין פּראָצעס זיעגען.

תכלה שנה וקללתיה,

תחל שנה וברכתיה!



---

אפּפיס פון לויער עליאס ראָזענטהאל:

333 גרענד סטריט, ניו יארק.

-•-

# ערמת הבר"ח.

כמה קולמסין נשברו, וכמה דיו נשפך על השאלה העומדת ברומה של עולם הכנסיה הנצרית; היתכן? הן כל עין רואה את הבר"ח תעידהו כי תורת הנצרית תו"ת אליל היא, ותתנגד מן הקצה אל הקצה אל תורת משה, עד כי תתעב גם את עם יהודה השומר אותה, ותכלית שנאה תשנאהו, ומראש המיות עלי קרת אמרית ונאמר (הבר"ח); „אבל את אויבי ההם אשר מאסנו ממלוך עליהם הביאו אתם הנה והרגו אתם לפני," (לוקס י"ט 27) „והרסו עד לארץ אותך ואת בניך בקרבך" (שם 44) כו' וכו'. וע"ד חוקי תורת משה אשר יתיצב לשטן לו, חרץ משפטו כי אתת רתם; לבטלם, להשמידם ולעקרם, ולשברם לגמרי, עד כי אף לתקנם אינם כדאי. „כי אין איש מעלה מטלית חדש על בגד בלוי," (לוקס ה, 34) „ומה שהוא נושן ומזקין קרב קיצו" (אל העברים, ח', 13) „כל התורה והנביאים עד יחנן „נבאו" (מתי, י"א, 13), "התורה והנביאים", נתנו עד יוחנן, (לוקס, ט"ז, 14). והטעם לזה הוא פשוט; „כי באין תורה אין עברה," (אל הרומיים, ד' 15).

---

בסמכו כדרכו את יסודותיו על הכתוב הזה באמרו כי על יה"ץ נבתה, (יוחנן י"ב 27 38,) (מתי ח', 16, 17), (מארקוס ט"ו. 29,28) לוקס כ"ב 37, (מעשי השלוחים ח' 32, 33, 25). 2) התקשרו עליו עבדיו בדמי בני יהוידע הכהן ויהרגהו, (דברי הימים ב' כ"ד, 25). 3) ויהרג את המכים את תמלך אביו, (שם כ"ה, 3). 4) ויקשרו עליו קשר וישלחו אהריו לכישה וימיתהו שם, (שם כ"ה, 27), (שם כ"ו, 8). 5) שם כ"ו, 5). 6) (שם כ"ו, ט"ז). 7) (שם כ"ה, 21). 8) כי ננזר מבית ד' ובישעיה נ"ג 8 נאמר; כי ננזר מארץ החיים. 9) בישעיה (נ"נ, 6) נאמר, ויתן את רשעיר קברו ואת עשיר במתיו על לא חמס עשה ולא מרמה בפיו, (שם כ"ו, 23). 10) ויקברו אתו עם אבותיו בשדי הקבורה אשר למלכים ולא בעיר דוד עם המלכים כאשר ע"ש ו לכל המלכים וגם ליהוידע הכהן, (שם כ"ד, 16), כי אמרו מצורע הוא, (שם כ"ו, 23). 11) מעצר וממשפט לוקח, (ישעיה נ"נ ח'). 12) ויותם בן המלך על הבית שפט את עם הארץ, (מלכים ב', ט"ו, 5). צא וחשוב עוזיהו מלך עד יום בו השלך אל בית החפשית ע"י הכהנים חמישים ושתים שנה, (מלכים ב', ט"ו) והן בשנת חמישים ושתים שנת לעחיהו מלך פקח בן רמליהו, (שם ט"ו כ"ז), ויותם בן עוזיהו מלך בשנת שתים לפקח, (שם ט"ז, ל"ב), הא לך שתי שנים אשר רק שפט יותם ולא מלך, כי הכהנים עצרו בעם. 13) ואולי זה הוא הרע"ש הנזכר בעמוס, (א' 2, 3) כי גם הדברים „אבלו נאות הרעים ויבש ראש הכרמל," (שם) נאותים לעוזיהו ככתוב „כי מקנה רב היה לו כו' אכרים וכרמים בהרים ובכרמל," (דברי הימים ב', כ"ו, 19). 14) איש לדרכו פנינו, (ישעיה נ"נ, 6), כולם לדרכם פנו, (ישעיה נ"ו, 11). 15) באין מבין, (ישעיה נ"ג 1), כולם לא ידעו, (ישעיה נ"ו, 10).

ובכן בכל מקום אשר אך יזכיר יה"ץ את תורת משה יוציא א"ע מן הכלל, ויתרחק ממנה, כאמור „הכתוב בתורתכם" (יוחנן ט"ו 25), אשר צוה משה לעדות להם," (מתי ח' 4) בתורתכם כתוב, (יוחנן ח', 17) וכדומה. — ואחרי כל אלה פתאום לפתע יחליף הבר"ח את שטתו ויכתוב „אל תדמו כי באתי להפר את התורה כו', לא באתי אלא למלאת," (מתי ה', 17) הלא דבר הוא!

אך כל הידע את הבר"ח, הוא גם ידע כי על ערמה ומרמה אדניו הטבעו. תורת משה תלמדנו „תמים תהיה עם ד' אלהיך," והבר"ח יאמר „היו ערומים כנחשים" (מתי י', 16, או „וישבח האדון את סכן העולה על אשר הערים לעשות," לוקס ט"ז, 8) ולכן שאול (פאול) האח הנפשע המומר להכעיס, המעמלו כי גם בש לא יבש ופניו לא יחורו, עוד יתהלל בערמתו. איך עלתה בידו לגנב את דעת היהודים בהתחפשו כיהודי בהיותו בתוכם „לצדד נפשות לפרחות. הלא כה דברי שאול; *) ואהי ליהודים כיהודי כו', להם הייתי כמו שתחת התורה אף כי אני אנני תחת התורה (הראשונה אל הקורנתים ט' 20)

מכל תורת משה והנביאים נחוצים היו להבר"ח רק הכתובים, אשר גנבו משם להלביש בם את מערומי יה"ץ, למען הוליך שלל את הבערים בעם לאמר, כי יה"ץ בא לעולם למען שמלאו עליו הכתובים. אך לא שישמור הוא את חוקי התורה.

וזה דבר יה"ץ, „אל תדמו כי באתי להפר את התורה או את דברי הנביאים, לא באתי להפר כי אם למלאת כי אמר אני לכם עד כי יעברו השמים והארץ לא תעבר יוד אחת או קוץ אחד מן התורה עד אשר יקים הכל, "(מתי ה' 17, 18), היינו לא שיה"ץ יקים את דברי התורה ורק שהכותבים שבתורה יקוימו עליו.

מזה נראה כי הבר"ח איננו דואג לחוקי התורה אך להכתובים שימלאו ויקיימו על יה"ץ.

וזה הוא גם דברי לוקס. ויאמר אליהם, (יה"ץ) אלה הם הדברים אשר דברתי אליכם בעוד היותי עמכם: כי המלא ימלא כל הכתוב עלי בתורת משה בנביאים ובתהלים. (לוקס כ"ד, 44)

וכן גם מאמר (לוקס ט"ז 16) התורה והנביאים נתנו עד יוחנן, (וחוקי תורת משה נתבטלו לגמרי,) אבל נקל לשמים ולארץ לעבר מאשר יפל קוץ אחד מן התורה. חוקי התורה נתבטלו אך המה הכתובים הנאמרים (לפי רעתם הכזבת( על יה"ץ *) והמה לא יפלו.

---

*) ככה תעשה בערמה ובמרמה עד היום גם המשלחת אשר תתמכרה לעשות כמעשה שאול לגנב את לבב היהודים בהתחפשם באדרת האמונה לשאת תמיד תורת משה על שפתה עם מרכה מלאה קבב מרעי לבער אחרי תורת משה עד תומה.

הדבר הזה יזכירני את העשיר אשר פשט את הרגל לנושיו אחרי כי נשא בשוא נשו וישבע למרמה „בתורת משה“ *) „אין לו.“ ובבוא חג שמחת התורה לקח העשיר את התורה אשר בה נשבע למרמה, ויחבקה וינשקה חליפות באשר רק היא הצילה אותו מפח יקוש, עת סביב שתו עליו נושיו.

כן היא אמונת הנצרת! היא תעריץ ותקדיש את תורת משה רק בעד הכתובים אשר תמצא בם חפץ למטרתה הכזבת, אך לא יותר. וכן יש נצרים אשר יהללו את היהודים אם אך יוכלו להוציא מהם תועלת למענם. ולסחי ולמאס ישימום עת יעבר המועד. כי חלק ד׳ ; עמו.

ולכן אין לנו חלק „בישו“ ולא נחלה „ביה״ץ“ איש לאלהיך ישראל! כי לא יחליף האל ולא ימיר דתו לעולמים לזולתו.

פה מקום להעיר את אזן מאשרי העם על השערוריה אשר אך נעשתת ע״י כת המסיתים פה נויארק; כי מלבד אשר החלו להפיץ את מכתב הירחי שלהם „עכר ישראל“ בשפת זשארגאן בהשליכם אותו בערמה כבתי ישראל עת הגברים יצאו לפעלם ולעבורתם עור יוסיפו חטא על פשע בהציבם להם יד אצל כל בת־ספר מקום אשר אך נערי ישראל יבקרו שם ויחלקו אותו חנם אין כסף לאלפים ולרבבות מדי יום ביומו והנערים בתומת לבבם בחשבם כי ברכה בו, יביאו המארה ההיא אל ביתם לפוקת לבב האבות החרדים אשר תמיד יעברו המועד להשליכו כנצר נתעב עת בואם מעבודתם, אחרי כי הקדימם המשפחה לקראוהו.

אי לזאת החובה מוטלת על אלה אשר יחזיקו במסג ורסן קהל עדת ישורון להמתיק עצה למצוא פליליה איך לעמוד בפרץ כיד הנסיון הטובה עליהם. **)

---

*) וכל זאת תיתה למלאות, (מהי א׳, 22) למלאת הנאמר (מתי ד׳, 14) למלאת את אשר דבר ישעיה (שם ח׳, 17), למלאת, (שם י״ז, 14) ועוד רבים כאלו עד לאין מספר.

**) דעת לנבון נקל כי לא אל מצה ומריבה אקרא, יען לא ברעש ד׳, הרבה אמצעים יש להענין רב הערך הזה העומד ברומי של עולם היהדות בארצנו. להשריש בלבב נעורינו מיוקר דברי ימי עמינו. למען ידעו נם המה את טוהר אמתתינו ועל מה אדניו הטבעו למען ידעו לבחון בין טוב לרע. וכן יש דברים אשר אי אפשר פה לפרטם מקצר המקום. ועל כולם נחוץ לנו קרן קיימת לזה. ולכן העשריה מהפדיון (לא מהריוח) ספרי זה יהיה קדש לדבר מצוה זו. את מכירת הספר (יען כי עתות׳ לא בידי המה) לקחו על עצמם הנכבדים בעמם, ה׳ אשר לעמל נערמאנסקי, 30 קאנעל. ובית המסחר של ה׳ הורוויץ וגודמאן, 7 עססעק ניריארק.

אקוה, כי אלה אשר נגע בלבם כבוד ישראל, ידעו איך להקיר את המחברת הקטנה תהיא בכמותה, והגדולה באיכותה.

# לַמְנַצֵּחַ לִמְנַצֵּחַ

תשי לבי לגבר הוקם עָל, לְהַמְלִיץ עַל עם עני ודל, וחטט ברפש של אשפה הגל, ושם תורת ישו השקר לאל. והמטיר על המסיתים ברד במקום טל

הר״ד ר׳ שלמה ראזענטהאל. יהי ד׳ אלהיו עמו ויעל.

רָאִיתִי בְּנֵי–עַוְלָה וְהֵם מְעַטִּים.
אַתָּה הִנְּךָ אֶחָד מֵהֶם בְּוַדַּאי!
זֵדִים מְסִיתִים עֲקַלְקַלּוֹתָם מַטִּים –
עֲלֵיהֶם עוֹרַרְתָּ שׁוֹטְךָ בְּעֵזֶר אֵל–שַׁדַּי.
נִצַּחְתָּם, פִּצְפַּצְתָּם כְּאַבְנֵי נִיר,
טֵאטֵאתָם בְּמַטְאֲטֵא מִמְּדִינָה, מֵעִיר.
הִשְׁלַכְתָּ אֱלִילָם הַמֵּת לְאַשְׁמַנִּים.
אַל שֵׁם וּשְׁאֵרִית לוֹ, אַל נִיר!
לָכֵן יְהוּדוּךָ רַבִּים, "עֵמֶק שׁוֹשַׁנִּים".
שֵׁם עוֹלָם לֹא יִכָּרֵת לְךָ עָשִׂיתָ
לִישׁוּעָה גְּדוֹלָה לְעַמְּךָ הָיִיתָ
מִפָּעָלְךָ הָרַב יְסֻפַּר לַדּוֹר
הֲלֹא בְּסִפְרְךָ הַיּוֹצֵא לָאוֹר

ובתוכם גם אני אוהבך הלל בן זאב מלאכאווסקי

# רחשי תודה.

א) ליושבי על מדין אשר שמו צדק אזר מתניהם ולא נשאו פני איש; חלא חמה Magistrate Mr. Braun השופט מעסקס מארקעט קאָורט, היושב ראש בהביח משפט הנבוה „ספעשל סעסשאָהן.“ Mr. Gerome העוזרים על ידו Mr. Jacob. וכן Mr. Hayse והקטינר. Mr. Aldrich

ב) להעורך דין אוהב עמו ותפארת לאומו כמהור"ר אליהו ראָזענטהאל נ"י, אשר כאליהו מלאך הברית עמד על ימיני לתמכני בידיעותיו תרחבות ברת ודין.

ג) אל העתונים מכל אומה ולשן, מסה ומיוראפ אשר כלם ידעו להוקיר את עבודתי בקדש האף כי כל אחד ממרכז מבטו.

ד) לנשיא הרבנים החרדים מאמעריקא וקענעדי, הרב החכם הדאָקטאָר פריירא מענדוס אשר כבדני קבל קהל הרבנים הנאספים בניריאָרק (יום ה' 19 סין) בנאומו הנעים לרומם את פעלי כנם להתנוסס על גבעת הנצחון עת נבר ישראל.

ה) ולחובב עמו, דתו וספרותו, חטר מגזע היהש, מוהר"ד נתן נטע נ"י הורוויטץ אשר לקח שכם בהמפעל הנכבד הזה כיד נסיונו הטובה עליו.

בטלתי את רצוני מפני רצון העם לכתוב את הספר הזה בשפת זשארגאָן ולא בשפת עבר היפה והנעימה, יען כי לה (לשפת הזשארגאָהן) בזח משפט הבכורה למען ישמע גם העם בדברי אתו, זלמען ידע איך להוקיר את תורתו ת ו ר ת מ ש ה הרוממה תורת החיים אשר אין על עפר משלה, בתועפות רום מדותיה הנעלות והנשגבות אשר בעמוד אש דת ינחו את האדם אל תכלית טובו ואשרו לבלות ימיו בטוב ובנעימים בחיי המשפחה והחברה גם פה עלי אדמות, באשר הוא אדם. ולמען דעת לענות אל משכיל, את חורפיהם דבר עת יתגרו בו מלחמת דת. *) ולתתרחק מאהלי המסיאָן אהלי כסל, תרמית ורשע, היושבים במארב חצרים לצודד נפשות
'
להוקיר את ארצנו ארצוה הברית באשר חופשה נתן לנו פה מתורת הנצרית. התורה האכזריה, תורת אליל אשר אכלה את אבותינו בכל פה ועוד ידיה נטויות להשחית ולחבל חבל נמרץ על גוי ועל אדם יחד.

---

*) לדאבון נפשינו ולבשת החנוך אלפי רבבות מנערי בני ישראל בלכתם בלי חנוך בדת, יאמינו; כי הדברים „ואהבת לרעך כמך“ יה"ץ (ישוע הנצרי) אמרם, יען וביען כי ככה ישננו להם חבריהם הנצרים האמונים עלי אמונה. ובכן נערי בני ישראל גם תמת יעריצו ויקדישו את יה"ץ- אוי לה לאותה בושה!

# THE VICTORY





IN

## SPECIAL SESSIONS



The Religious Proceedings in Essex Market Court and in the Court of Special Sessions, which Anthony Comstock instituted by confiscating the book entitled "Maase Tolui." . . . . .



BY

S. ROSENTHAL.